מאַקס גראָסער.

# א זונטיק אין דארף.

פון פויערים-לעבן אין גאַליציע.

גע׳ווידמעט דעם ליכטיקן אנדײַנק פון
מײַן טײַערער שוועסטער
**פ ר ו מ ע**
דער טאכטער פון דארף, וואס האָט אױ
מײַן צוריקקומען פון דער ווײַטער פרעמד
לאנג געוואַרט און זיך ניט דערוואַרט...
צום ערשטן יארצײַט, מארט 1922 י.

זונטיק אין דער פרי. אַ יאַמטעוו ביי אונז אין זעליאַ-נאָווקע. אונענדליך ווייט, אונענדליך ברייט ציען זיך געדיכ-טע קאָרן-פעלדער. אַ יאַם מיט זאנגען. אַ לייכט ווינטל שאָקלט זיי אַהין און אַהער פּאַמעלאַך, יאַמטעוודיק. פון צייט צו צייט טוט אַ לייכטע כוואַליע זיך אַ גליטש איבער די קעפּלאך פון די האָריקע זאַנגען און פארשווינדט העט ווייט ווייט אונטערן וועלדל. נאָר דאָ און דאָרט, דאָרט און דאָ לאַכן גנייוויש אַרויס פון די זאנגען טיף-בלויע קאָרנ-בלומען און רייצן זיך מיט מיר. אָט ווייזן זיי מיר זייערע כענעוודיקע בלויע פּענימלאך און שעפּטשען: „ניין, דו וועסט מיך נישט קושן, נישט אָפּרייסן" — און באַהאַלטן זיך צניעס-דיק אין שויס פון דער מאַמע קאָרנפעלד.

לייכטלינגלעכע גרינפערדלאך משי-טשי-טשיקן מיט זייערע לאַנגע הינטערשטע פיסלאך און שפּרינגען משוגענערווייז אַהין און אַהער פאַר גרויס סימכע. גאַנצע סטאַיעס וואָראָ-ביי-טשיקעס כאַפּן זיך אויף פון צייט צו צייט און פליען אַריבער אַף אַ צווייטן אָרט מיט אַ ראַאַש, אַ געפּילדער, אַ פּישטשעריי, און פּלוצים ווערן זיי פאַרפאלן אין קאָרן ווי קיינמאל נישט געווען. די פוגאַלעס אויסגעשטאָפּט פון שמאַטעס שטייען מיט אויסגעשטרעקטע הענט און דאַרפן שרעקן די וואָראָבייטשיקעס. נאר די גאַנאָוויים וואָראָבייט-שיקעס הערן זיי ווי דעם קאָטער...

פונ׳ם דאָרף-קלייסטער דערהערט זיך אַ קלונג פון אַ דין גלעקל. קוידעם איינצעלנע דינע קלאַנגען, פון צייט צו צייט, פּאַמעלאַך ווי נישט געאיילט, און דערנאָך אפטער און אָפטער- און דאָ מישט זיך אַריין אַבאַס גלאָק. דאָס קליי- נע קונדעסל, דאָס גלעקל, איילט זיך, עס דזי-דזינקעט גיך, גיך, נאָר דער באַס-גלאָק קלינגט פּאַמעלאַך, ערנסט ווי אַ דיאַק — ער ווייסט אַז ער האָט לאַנגע פּיס און מעג דאָס קונ- דעסל דזי-דזינקען ווי גיך עס וויל, ער וועט עס דעריאָגן. עס מישט זיך אַריין אַ דריט גלעקל, אַ פעדטער גלאָק, און עס ענטשטייט אַ מישמאַש, אַקנויל פון טענער.

די פויערים איילן זיך אין קלויסטער אַריין. די מענער אין לאַנגע ווייסע העמדער אַראָפּגעלאָזטע איבער די ווייסע הויזן, אונטערגעגאַרטלט מיט שמאָלע רימענס, אין שטרויענע קאַפּעליושן, פון אונטער וועלכע עס קוקן אַרויס לאַנגע שוואַרץ-בלישטשענדיקע האָר גיט אָנגע- שמירטע מיט פוטער. די ווייבער אין לאַנגע ווייסע העמ- דער, וועלכע זיינען פון פאָרנט און הינטן אַרומגעגאַרטלט מיט רויטע פאַטעס. די קינדער מיט גרויסע ביכלאַך און דינינקע פיסלאך, אין שטרויענע לעכערדיקע קאַפּעליושן פון וואַנעט עס שטאַרצן אַרויס פלאַקסענע האָר. זיי גייען אף גיך, וואָרום דער גאָטעס-דינסט האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

דורך די אָפענע טירן פונ׳ם קלויסטער טראגן זיך טרויע- ריקע ניגונים און אַ שאַרפער רייאַך פון ווייראַך, און צע- שפרייטן זיך איבער די ווייטע ברייטע פעלדער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

.

באַ רעב יאָסען אין קרעטשמע איז שוין אלץ גרייט צום יאָמטעוו. די לאַנגע טישן צוגעדעקט מיט טישטוכער און צו זיי צוגעשטעלט לאַנגע שווערע הילצערנע בענק, וועלכע די יאָסעכע האָט היינט גאַנץ פרי אָפּגעריבן מיט זאמד און זייף.

אין שענקל זיינען אָנגעשטעלט פלעשלאַך מיט בראנפן, פעסלאַך מיט ביר, שיסלען מיט געקאכטע, געזאַלצענע פיש, מיט הערינג, א גלעזערנער סלאָי מיט געקאָכטע אייער אין א צווייטער שאַפקעלע פאַפּיראסן און פעקלאַך טאַבאַק. רעב יאָסע, שוין אַ גראָער איד איבער פופציק, דרייט זיך אַרום איבערן שיינקל-שטוב. זיין קאָפּ דערגרייכט קימאַט ביזן סטעליע פון זיין פויערשן הייזל און שטייסט זיך אָן אויפהער אָן די לאָמפּן, וואָס הייגען אף די באַלקעס.

— יאָסע, יאָסע, גיב אַכטונג ווי דו שפּאַנסט! — שרייט די יאָסעכע, א קליינע אויסגעטריקענטע אידענע מיט אַן ענערגישן קאָל — אַ איד זאָל זיין לאַנג ווי דער אידישער גאָלעס און זאל נאָר וויסן צו ברעכן לאָמפּן...

— לאָז, נאַרישע אידענע. שוין דרייסיק יאָר אַז זי כאַזערט לאָמפּן אין לאָמפּן.

עס עפנט זיך די טיר און עס קומען אַריין צוויי עלטערע פויערים און אַ יונג שייגעצל. דאָס זיינען אונזערע קלעזמער. זיי זעצן זיך צום טיש און רעב יאָסע דערלאַנגט אַ פלעשל בראנפן, אַ שיסל געקאכטע, געזאַלצענע פיש, אַ האַלב לעבל ברויט.

אייוואַן „מוזיקאַ“, אַ פויער אין מיטעלע יארן, מיט לאַנגע קידלאַטע שווארצע האָר, אונזער דארף־פידלער, האָט אַרויסגענומען פון אַ טאָרבע זיין פידל און סמיטשיק, אַרויס־געפלאנטערט פון צווישן די סטרונעס עטליכע קעפלאַך קנאָבל, אַראפגעבלאָזן פון פידל ברעקלאַך ברויט, אָפּגע־ווישט מיטן אַרבל פונם העמד דעם שטויב פון קאַליפאָניע וואָס איז נאָך געבליבן ליגן פון פאראכטאָגן זונטיק און אוועקגעלייגט דאס פידל אויפן טיש.

— עי, טראפים! וואַסילקע! — האָט ער זיך אָנגערופן צו זיינע צוויי באַגלייטער. לייגט אַוועק דעם צימבל און פויק און נעמט זיך צו דער אַרבעט.

און נישט וואַרטנדיק ביז זיי וועלן פאָלגן, האָט ער צעבראכן דאָס האַלבע לעבל אויף עטליכע שטי־קער, אָפּגעביסן פון אַ קאָפּ קנאָבל דעם אויבעגאָן, גע־געבן אַ געשריי „יאָסקאַ דאַוואַי סאָלי“! און שוין געמאַכט אַ קויסע און נאָך אַמאָל אַ קויסע.

רעב יאָסע האָט דערלאַנגט זאַלץ. די דריי פּייערים האָבן אָנגעהויבן צו טונקען דאָס ברויט אין זאלץ, באַזאַלצט די געזאַלצענע פיש און געשמאַק געקייט. פון צייט צו צייט באַ־גיסנדיק מיט אַ קויסע בראנפן.

די שענק־שטיב האָט זיך דערווייל אָנגעהויבן אָנ־פילן מיט יונגע פּאַרעבקעס, וועלכע האָבן זיך געמוזט איינ־קייפן אין דער טאַנץ־כעוורע. דאָס רעדל האָבן דאָ געפירט די רעקרוטן, פון פרילינג, ווען זיי פלעגן שטיין צום פרי־

זיוו, ביז אָסיען-צייט, ווען זיי פלעגן אַוועקגיין צו מיליטער־זיינען זיי געווען די עמעסע דיקטאַטאָרס. און טאָמער האָט די כעוורע יונגוואַרג געוואָלט אויך כאַנצן, האָט זי זיך געמוזט איינקויפן.

אויך היינט האָבן זעקס יונגע פארעבקעס געדאַרפט שטעלן פאַר דער טאַנץ-כעוורע ביר, בראָנפן און פיש.

אונזערע דריי קלעזמער האָבן שוין לאַנג אָפגעגעסן. איוזאַן „מוזיקאַ“ האָט שוין עטליכע מאָל אָפגעווישט דאס פידל מיטן אַרבל. טראָפים האָט מיט די שטעקעלאַך דורכ-געשפּאַצירט אף זיין צימבל אַ סאַך אַ סאַך מאָל, ביז עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע רעקרוטן מיט די שיקכלאַך די רעקרוטן אָנגעטאָן ווי די איבעריקע פויערים, נאָר אף די פיס שטיוול מיט הויכע אָבצאַסן אף פּאַדקאָוועס און גלאַנצנדיקע כאָליאַוועס; די שיקסלאַך אין לאַנגע ווייסע העמדער אַרומגעגאַרטעלט מיט רויטע פּאַטעס, פון אונטער װעלכע עס קוקן אַרויס אַזעסדיק פּאַרבּרוינטע, נאַקעטע, יאָדערדיקע פיסלאַך; אין די צעפּ אַריינגעפלאָכטן אַ יאַם רויטע בענדלאַך און זילבערנע מאַטבייעס.

די רעקרוטן פילן זיך אין שיינק.שטוב ווי ביי זיך אין דער היים, טומלען, פילדערן, קאָמאַנדעווען. די שיקס-לאַך האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָגן אין אַ ווינקל פון שיינק-שטוב און נאָר מען לאַכט.

— עי, יונגוואַרג! — רופט זיך אָן מיכאַילע קאָזאַק, אַ פּאַ-ראַבאַק פון מיטעלן וואוקס און ברייטע פּלייצעס, דער קאָ-מענדאַנט פון די רעקרוטן, צו די יונגע פּאַרעבקעס, וואָס

ווילן זיך איינקויפן—אַנו, טראגט אַקאָרשט אַרויס די ביינק אויפן טאַנצפלאַץ! נאָר רירט זיך!

די יונגע שקאָצים, צופרידן וואס מ'האָט זיי באַמערקט, האָבן זיך געגעבן אַווארף צו די ביינק—נאָר וואָס טוט מען? עטליכע שיקסלאַך האָבן זיך גראד אנידערגעזעצט אויף די ביינק, און האַק זיי, בעט זיי, זיי ווילן ניט אויפשטיין.

און מיכאַילאָ קאָזאַק שרייט: „טראגט אַרויס די ביינק! דער טאָג שטייט נישט"!—און צו די שיקסלאַך ווינקט ער זיי זאָלן ניט אויפשטיין.

די כעווריע רעקרוטן ווילן זעען, ווי אַזוי וועט יונגוואַרג אַרויס פון דער שווערער לאַגע און צי פארשטייען זיי ווי אַזוי מיט מיידלאַך זיך צו באַגיין; נאָר די יונגע פאַרעבּקעס קלערן ניט קיין סאַך. וואָס הייסט עס, מאַרוסקע, פאַראַסקע, אָלענע און קאַלינע ווילן ניט אויפשטיין? אַ גאנצע וואָך ארבעטן זיי מיט זיי אינאיינעם אויפן פעלד ביים פאַרעץ; און וויפל מאל האבן די שיקסלאַך זיי ביי די האָר געריסן, און וויפל קושן האָבן זיי די שיקסלאַך שוין אַריינגעוואָרפן? און היינט זיינען זיי גאַנצע פריצטעס, גאַנצע מיוכאָסים, און ווילן גארניט אויפשטיין, אַז מיכאַילאָ קאָזאַק הייסט אַרויסטראָגן די ביינק.

און יונגוואַרג כאַפט די שיקסלאַך ביי הענט און פּיס לייגט זיי אַנידער אויף דער ערד און די ביינק זיינען שוין אין דרויסן.

דער אוילאָם לאכט איבער דעם קלוגן איינפאַל.

———

ביי רעב יאָסען אין סאָד איז פאראן א שטיקל פלאַץ אווו עס וואַקסט נישט קיין גראָז. אַרום און ארום שטייען עפל-בוימער באַלאָדן מיט גרויסע ווינטער-עפּל, די קאַרשן-בוימער שטעלן אַרויס קעגן דער זון טויזנטער בלישטשענדיקע שווארצע קארשן. און אלע אויבס-בוימער באשיצן דעם פלאַץ פון דער ברענענדיקער זון. אט דא האט מען געמאַכט דעם טאנצפלאץ. יעדן זונטיק אין דער פרי שמירט אויס די יאסעכע דעם פלאץ מיט ליים און באשיט מיט געלן זאמד וועלכן זי ברייגגט פונ׳ם טייך.

מ׳האָט אַוועקגעשטעלט די ביינק אַרום דעם טאַנצפּלאַץ. דעם אויבנ׳אָן פאַרנעמען די קלעזמער. די פּארעבקעס און שיקסלאַך שטייען אין אַ קופּע צוזאַמענגעמישט און מען שטיפּט.

פּלוצים גיט וואסילקע דריי קלעפּ אין פּייק. אַ סימען אַז זיי הויבן אָן צו שפּילן. אלע שטעלן אן די אויערן. טראָ-פּים טאנצט מיט זיינע שטעקעלאַך פּאַוואָלי איבערן צימבל. ער פארגרעסערט דאָס טעמפּאָ. דאָס טעמפּאָ ווערט אַלץ גי-כער, שנעלער, ווילדער. די טענער שיסן זיך ווי אַ האָגל, ווי אַ שטורמווינט, זיי בריזן; ווי טויזנטער בינען דרינזשען זיי, צעגיסן זיך ווי אַ מאבל. ווי אַ מאבל רייסט אַוועק אויפ׳ן וועג אַלץ, וואָס ער טרעפט, הייזער, בוימער, מענשן, כאיעס, אזוי רייסט דער טענער-שטורם די פּויערים-אוידיטאָריע אַוועק און פארטראגט זי ווייט, ווייט אין אַ וועלט פון באַלוימעס און בייגקעניש.

די פּארעבקעס און שיקסלאַך שטיפּן שוין לאנג נישט.

זיי שטייען ווי פארשטיינערט. דער ארימער צימבלער האט ווי א קישעפמאכער באוועלטיקט די אוידיטאָריע און ציט זי און נאָגט ביי די הערצער. און פלוצים ווי אָפּ-געהאַקט. שא, שטיל. נאר איין סטרונע ערגעץ דאָרט ווי אַ ווייטער עכאָ קלאָגט זיך, וויינט. איינע אַליין, איינזאַם, פאר-לאָזט. און ס'איז ניטאָ קיינער, ווער עס זאָל זי טרייסטן.

נאָר איינזאן מוזיקעס פידל, וועלכע ס'האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, הערענדיק דאָס וויינען און קלאגן זיך פון דעם פאריאכעמטן צימבל, קאן שוין ניט מער אויסהאלטן און הייבט אים אן צו טרייסטן:

— וויין נישט, אָרים צימבעלע, דו ביזט נישט אַליין, אין מיר האָסטו אַ טרייען כאַווער. גיב מיר דיין האַנט, וועלן מיר ביידע געאָרעמט גיין אינאיינעם איבער דער ווייטער, ווייטער יועלט.

און דאָס ליד פונ'ם צימבל ווערט אלץ שטאַרקער, שטאָל-צער, שטייפער, לעבעדיקער. און דאָס פידל גייט מיט איר לוסטיק האַנט ביי האַנט. זיי שפילן אַ פריילאך ליד און פאַלן אריין אין אַ ווילדן טאַנץ, אין אַ קאָלאָמייקע. די פּאַ-רעבקעס און שיקסלאַך דרייען זיך ווי אַ ווירבער. עס בליש-טשען די גלאַנצנדיקע כאַליאַוועס, און די רויטע סטיינגעס איינגעפלאָכטן אין די מיידלשע צעפּ, פונ'ם ווינט אויפגע-בלאָזן, פלאַטערן ווי גרויסע רויטע שמעטערלינגען. פון צייט צו צייט טוט אַ קלונג א פּאָדקאָווע אָן אַ פּאָדקאָווע און א מיידלשער קוויטש שניידט דורך די לופט ווי מיט אַ כאַלעף. דאָס האָט אַ פּאַרעבאָק זיין טענצערקע מיטן גע-

קאָיוועטן שטיהל צעפּלוטיקט אַ באָרוויסן פּיס. נאָר דער אוילאָם טאַנצט ווייטער. איצט פירט די מעלאָדיע שוין אייזאַן מוזיקעס פידל, און דאָס צימבל, דער באַגלייטער, באַפּוצט די מעלאָדיע מיט א שטראָם פון טענער ווי מיט רויזנבלומען. דער ווילדער טאַנץ און די מוזיק רופט ארויס פאר דעם אוילאָמ׳ס אויגן די הייסע זומער-נעכט, ווען זיי בלייבן אויף די פעלדער פון זון-פאַרגאַנג ביז איר אויפגיין, קדיי צו בינדן דעם געשניטענעם ברויט. נאָר איין לעוואָנע קען זאָגן איידעס, וואָס דאָרט טוט זיך אָפּ אין די סוידעס-דיקע הייסע זומער-נעכט...

דאַך בלוט אין די טענצערס הויבט אָן צו קאָכן. די מיידלשע עלאַכטיש-ברוינע ברוסטן, מיט גאָרנישט איינגעבונדן, באַוועגן זיך בעשאַסן טאַנצן סוידעסדיק-כענעוודיק און טוען פון צייט צו צייט ביגנייווע אַ קוק אַרויס דורכ׳ן שפּעלטל פון א שניי-ווייסן העמד. טאָ דאָ, טאָ דאָרט פּרעסט צו אַ פאַרעבאָק זיין טענצערקע צו דער ברוסט און זויגט זיך איין מיט זיינע ליפּן אין אירע ליפּלאַך. זי ענטפערט אים מיט א קוש, מאַכט אַ געוואַלד און רייסט זיך פון אים. נאָר איוואַן מוזיקעס פידל, טראָפימ׳ס צימבל און איבערהויפּט וואַסילקעס פויק פאַרטומלען און פאַרפויקן די מיידלשע געשרייען.

צווישן די טאַנצנדיקע באַווייזט זיך פּלוצים אַ באָכער פון אַ יאָר 19, אָנגעטאָן אין שטאָטישע מאַלבושים מיט אַ ברוין פּאָנים ווי אַ ציגיינער. דאָס איז לייבקע, דאָוויד דעם שאַפערס זינדל. אונזערע דאָרף-ווייבער האָבן שוין לאַנג אָף אים אַוועקגעמאכט מיט דער האנט.

— א פארפאַלענער — פלעגן זיי טײנען — א גויעשע נעשאָמע. אַ וויאַזוי איז דאָס געווען געוואָרן, אז אַ באָכער זאָל נאָר ליב האָבן זיך אַרומשלעפּן מיט שיקסלאַך? ער וועט זיך סאָף קאָל סאָף שמדן.

נאָר לייבקע האָט פון שמאַד ניט געטראַכט. ער פלעגט נאָר גאַנצע נעכט פאַרברענגען אינאײנעם מיט די פּאַרעבקעס און שיקסלאַך אין פעלד.

לייבל איז צוגעלאָפן צו איוואַן מוזיקע. האָט אים אָנגעכאַפּט ביים סמיק, און געגעבן אַ געשריי: „כעווּרע, גענוג געטאַנצט! ס'איז שוין צייט זיך אויסצוּוען! צייט זיך נעמען צו דער סודע״! — אַרויסגעריסן דעם סמיטשיק ביי איוואַן מוזיקע, געגעבן א קלאַפּ טראָפּימען איבערן צימבל און אַ געשריי: „עי, יאָטקע. גרייט צום טיש״! דער אוילאָם האָט זיך אָפּגעשטעלט.

די יונגע פּאַרעבקעס האָבן טײקעף אַרויסגעטראגן טישן מיט טישטוכער געדעקט, און דער אוילאָם האָט זיך אַוועקגעזעצט אַרום זיי.

רעב יאָסע און די יאָסעכע האָבן אַרויסגעטראָגן אַלדאָס גוטס, וואָס זיי האָבן נאָר פאַרמאָגט.

באַדינט האָבן צום טיש דער לאַנגער יאָסע, די קליינע דאַרע יאָסעכע און די זעקס יונגע פּאַרעבקעס, וואָס האָבן זיך איינגעקויפט אין דער טאַנץ-כעוורע. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סודע ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין...

———

די לעוואָנע איז שוין לאַנג געשטאַנען אויפן הימל. זי האָט באַגאָסן מיט זילבער רעב יאָסעס קרעטשמע, פון וואַ-

נען מען האָט נאָך געהערט שפּילן און טומלען. זי האָט כּענעוודיק־סוידעסדיק באַלויכטן די געדיכטע קאָרנפעלדער. דער סייך ועגיאנאָהקע, אויסגעבאָדן אין די לעוואָנע־שטראַלן, האָט געגלאַנצט, שימערירט און זיך געשלענגלט ווי אַ זילבערנע סטענגע. אף ביידע ברעגעס זיינען געשטאַ־נען שאָמרים ווערבעס. איינן שטראָס, וועלכער האָט זיך גע־צויגן דורכן דערפל און געענדיקט העט ווייט אונטערן וועלדל, האָבן זיך באַוועגט טונקעלע געשטאַלטן. מען האָט געהערט שטיפן, לאַכן, שעפּטשן זיך, קושן, פון צייט צו צייט אַ מיידלשן קוויטש. און דערנאָך שאַ, שטיל. די געשטאַלטן פאַרשווינדן ערגיץ. נאָר פון ווייטן הערט מען אַ שיקער קאָל הייזעריק זינגען:

פּא פּיד האי זעלענענקי
כאדיוו דאָווּבאש *) מאלאדענקי

און אַ גאַנצע כעוורע פון קוילעס ענטפערט אין כאָר:

טאָפּירצעם־סיאַ פּידפּיראַיע
אָ דיווטשינע נאָהאָדויע.

און ווידער שטיל. נאָר די הינט גוואַלדעווען אַרום די הייזער.

---

פון ניקאליכע דער אלמאנעס הויז שארט זיך אַרויס די אַלמאָנע אַליין, מיט אירע צוויי איידימס, געזונטע פּויערים מיט שטעקנס אין די הענט, און א יונגער פאַרעבאַק פירט זיי. ער ווייזט זיי דעם וועג. דער יונגער פאַרעבאַק

*) אַ לעגענדאַרער גאַזלען, באַוואוסט אין די גאַליציש־אוקראַאינישע פּאלק־לידער.

איז פארקאָכט אין דער אַלמאנעס טאכטער, פּאַראַסקע, און זי קוקט אים אַפילע נישט אָן. היינט אַ גאַנצן טאָג ביים טאַנצן האָט זיך דער פּאַרעבאָק אַרום פּאַראסקען ארומ־געדרייט. נאָר זי האָט מיט אנדערע געטאַנצט. און אז עס האָט זיך באַוויזן לייבל, איז זי שוין די גאַנצע צייט מיט אים געוועזן און איז אויך מיט אים אַוועקגעגאַנגען פון רעב יאָסעס קרעטשמע. דער יונגער פּאַרעבאָק האָט זיי נאָכגע־שפּירט, נאָכגעגאַנגען ביגנייוּע און האָט געזען ווי זיי גייען אַרומגענומען אויפן שטראָס און דערנאָך פּאַרקערע־ווען זיי צים טייך זעליאָנאָווקע, עס איז טייקעף געלאָפן צו דער אַלמאָנע און איר געבראכט די בשורע, אַז איר טאָכטער פּאַראַסקע ליבט זיך אין אַ אידן. און די אלמאָנע מיט די צוויי איידימס זיינען געגאַנגען לייבלען ברעכן די ביינער.

זיי גייען שטילינקע, דער פּאַרעבאָק פירט זיי צום טייך זעליאָנאָווקע. אויפן ברעג זעט מען צוויי טונקלע גע־שטאַלטן ווי צוזאַמענגעגאָסן.

— צעקלאפּט אים גוט די ביינער, אַז ער זאָל מער צו אונזערע מיידלאַך ניט קריכן — שעפּטשעט שטיל די אַל־מאָנע צו אירע איידימס.

— קלאפּט נאָר איבערן קאָפּ, וואָרום ער איז אַ געזונ־טער כעיורעמאַן, ער קען נאָך אַייך די ביינער צעברעכן — וואָרנט זיי דער יונגער פּאַרעבאָק.

— האָב נאר נישט קיין מוירע — ענטפערט איינער פון די איידימס — עס איז אונז נישט דאָס ערשטע מאל. ס'וואָלט געוועזן א שיינע זאך, אז א אידישער באכער זאל אונז שלאָגן...

— שאַט, שאַט, אָט זיינען זיי—שעפּטשעט עמיצער.

זיי זיינען שוין גאנץ נאָענט. לייבל און פּאַראסקע זיצן אַרומגענומען, שמועסן שטיל און הערן גאָרנים. און פּלוצים טוט איינער פון די איידימס אַ שפּרונג אויף און לאזט אַראָפּ מיט'ן גאנצן קויאַך דעם שטעקן אויף לייבל'ס פּליי- צעס. זיי שטייען די הענט צוזאמענגעפּלאָכטן, קייכן. איינער האָט דעם אַנדערן איינגעקלעמט און וויל נישט אַרויסלאָזן. דער צווייטער איידים האָט זיך אויך געוואָרפן אף לייבלען. נאָר פּאַראַסקע האָט אים אָנגעכאַפּט ביי די לאַנגע האָר, געגעבן אַ ריס מיטן גאנצן קויאַך אַזוי אַז ער איז אוש אנידערגעפאַלן אויף דער ערד. די אַלמאָנע האָט אָנ געכאַפּט פּאַראַסקען פאַר די צעפּ, געריסן, געמאַכט אַ גע- וואַלד. נאָר פּאַראַסקע פאַרבייסט די ציין, האַלט פעסט דעם איידים ביי די האָר און לאָזט אים נישט אויפשטיין.

דעם יונגן פאַרעבאָק טוט א טיאָכקע כ'האַרץ. זיין פּאַראַסקען, וועלכע ער האָט אַזוי ליב, רייסט מען ביי די צעפּ, מען טוט איר וויי... און ער וואַרפט זיך אף דער אַלמאָנע און וויל פּאַראַסקעס צעפּ באַפרייען פון אירע הענט.

לייבל רייסט זיך נאָך אַלץ אַרום מיטן איידים. מיט זיינע הענט האָט ער אים אַרומגענומען, ווי מיט אייזערנע רייפן איינגעקלעמט און קוועטשט צוזאמען מיטן גאַנצן קויאַך. נאָר דער איידים איז אויך נים קיין שוואַך אינגעלע. ער לאָזט זיך נישט. לייבל האָט דעם קאָפּ איינגעבויגן ווי אַן אָקס און קוועטשט מיט אים דעם איידים'ס ברוסט. זיין שטאַרקער קאַרק איז פון אָנשטרענגונג געוואָרן רויט ווי א

ביו־אק. נאָר דער אײדים האַלט זיך נאָך אַלץ אױף די פיס. און פליצים... שלופּס... און בײדע ליגן שױן אין טײך.. ערשט דאָ האָט אײנער דעם אַנדערן אָפּגעלאָזט, און בײדע שװימען װי פיש אין װאַסער. דער אײדים צו אײן ברעג און לײבל צום אַנדערן. פּאַראַסקע לאָזט אָפּ די האָר פונ׳ם אײדים און פאַרשװינדט אין דער נאַכט־טונקלקײט..

נאָך לאַנג לאַנג איז אױפן ברעג געשטאַנען דער אָפּגעבאָדענער אײדים און האָט זײנע נאַסע מאַלבושים פונ׳ם װאַסער אָפּגעטרײסלט. פון יענער זײט טײך, פון דער טונקל, האָט זיך דערהערט לײבלס און פּאַראַסקעס געלעכטער. און דער אַלמאָנעס קלאָלעס האָבן זיך געטראָגן לאַנג לאַנג אין דער זומערדיקער נאַכט אָן אַן עק און אָן אַ סאָף...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס דאָרף שלאָפט. די ליכטעלאך אין די פױערשע פענסטערלאַך זײנען שױן לאַנג אױסגעלאָשן. נאָר דאָ און דאָרט ציטערט נאָך אַ פלעמל: די קלײנע פױער׳ס־הײזלאַך טוליען זיך װי אַ כמאַרע שעפסן און באָדן זיך אין דער לבֿנה־שײַן. זעלטן װאו דערהערט מען אַ הײזעריק בילן פון א פאַרשלאָפענעם הונט...